י. י. ווייסוואהל.

# אין קעלער

איינאַקטער



לאדז
שנת תרס"ט לפ"ק.

# ВЪ ПОДВАЛѢ

карт. въ 1 дѣйств.

соч. **Я. И. Вайсволя**

**1909.**

## פערזאנען:

הערשיל — אַ שוסטער

חנה — זיין ווייב

מאטיל — 20 יאָהר

ביילע — 18 „

וואלף — 15 „

ציפה — 12 „

רבקה'לה — 6 „

(מאטיל, ביילע, וואלף, ציפה, רבקה'לה — זייערע קינדער)

# די סצענע.

די סצענע שטעלט פאָר אַ קעלער. לינקס שטעהען צוויי בעטען, אויסגעשטעלט ווי אַ „ד". אין ווינקעל, צווישען די בעטען ליגען אָנגעוואָרפען אַלטע קאַלאָשען. איבער דער ברייט פון שטוב ציהט זיך אַ ראָהר צום קאַנאַנעל. רעכטס אין ווינקעל איז די טהיר. אָבגערוקט—שטעהט אַ קאָמאָד אויף וועלכען ס'ליגען ביכער. איבער דעם קאָמאָד הענגט אַ בילד אין אַ געוועהנליכער ראַהם. אין מיט'ן שטעהט אַ טיש מיט פיער בענקלעך. די וואַנד אין הינטערגרונד האָט צוויי קליינע פענסטערלעך, דורך וועלכע ס'זעהט זיך די ערד, וועלכע איז בעלויכטען מיט אַ מאַטען שיין פון דער גאַס-לאַמטערנע. אויפ'ן טיש ברענט אַ לאָמפּ. הערשיל און וואָלף זיצען אויף קליינע בענקעלעך ארום קאַנאַנעל, און פעריבי-טען קאַלאָשען. ביילע ליגט אין בעט, וואָס שטעהט אין הינטערגרונד. חנה זיצט מיטלאָז אויף דעם וועלכען בעט, און ווישט זיך אַלע מאָל מיט'ן שאָרץ די טרעהרען. ציפּה זיצט ביים טיש און מישט בלעטער פון אַ בוך. רבקה'לה שפּיעלט זיך אויף דר'ערד, און זינגט אַ פאָלקס ליעדעל. —

### חנה

רבקה'לה, זינג ניט. ביילע שלאָפט

### רבקה'לה

שוין. בין איך שטיל.

### חנה

(צו ביילען) שלאָף מיין קינד, שלאָף. גוטע מלאכים זאָלען דיך היטען.

### הערשיל

(צו חנה׳ן) נו זײַ שוין שמיל, זי שלאָפט דאָך.

### חנה

זי דרימיעט.

### הערשיל

(געהט צו צום בעט) זי שלאָפט שוין, געה אַוועק.

### חנה

(זעצט זיך נעבען טיש) שוין דרײַ נעכט, ווי זי שלאָפט ניט. זי ווײַנט נאָר, ס׳טהוט איהר וועה. עסען וויל זי ניט. פון טאָג צו טאָג ווערט זי מעהר אײַנגעדאַרט. דער מאַרך ווערט איהר פערטריקענט. ס׳פּנים איז אַזוי בלאַס...

### הערשיל

(אַוועקגעהענדיג פון בעט) זי שלאָפט, שטיל, זי שלאָפט (זעצט זיך אַרבײַטען.)

### ציפּה

מאַמעשי, ביילע שלאָפט? זי וועט שוין נישט ווײַנען? מאַמעשי, יאָ?

### חנה

זי וועט נישט ווײַנען. זי וועט געזונד ווערען.

### ציפּה

און ווען וועט זי אַוועקפאָהרען? וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט.

### חנה

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט... אָבער פון וואו נעמט

מען אויף אַוועקצופאָהרען? פון די קאַלאָשען פערריכטען, אָדער פון די צוויי רובל, וואָס מאָטיל פערדיענט? אָה!

### הערשיל

די רעכענסט שוין ווייטער. זיי דאָך שטיל. זי שלאָפט דאָך. רעכענט און רעכענט...

### חנה

כ׳רעכען ... כ׳ווייס אָבער דאָך נישט, וואָס פריהער צו טהון ... דעם דאָקטאָר געבען, מעדיצין קויפען ... ברויט, קוילען ... אַלץ פאַר די 4-5 רובל אַ וואָך ... (זיפצט אָב) גאָטט אין הימעל! ...

### הערשיל

זיי שוין שטיל, דיין רעכענען וועט דיר דאָך סיי ווי נישט העלפען ...

### חנה

כ׳האָב שוין געבעטען, אין תמיד בעט איך דאָך דעם אין הימעל, אָבער ...

### רבקה׳לה

מאַמישי, כ׳וויל ברויט.

### חנה

(געהט צום קאָמאָד, שנייט אָב ברויט) נאַ, האָסטו, באַלד וועל איך מאַכען טהעע. (זעצט זיך צוריק צום טיש)

### ציפה

(ווייזט איהר אין ביכעל) זעה נור מאַמישי, ס׳אַרע בילד. זי איז טויט, און ער האַלט איהר האַנד און קוקט אויף אַ זייגער.

### חנה

ס׳איז גאָרנישט.

## וואלף

(געהט צו צום טיש) ווייז נור, ווייז נור, אוי, זעהסט, זי ליגט פונקט אזוי ווי ביילע ... זעה נור טאטישי ...

## הערשיל

וואס האבען זיי דאס? קום, האלט דאס אייזען, ס׳פייער גייט אויס ... (וואלף גייט צו. ציפּה בעטראכטענדיג דאס בילד, ווערט לאנגזאם אנטשלאפען, רבקה׳לה שפּיעלענדיג זיך שלאפט אויך איינציגווייז איין.)

## חנה

(דזימיענדיג) ס׳ארע בילד... אזוי שרעקליך... (א ווײַלע איז שטיל)

## ביילע

(רעדט פון שלאף) שטארבען ... כ׳וויל שטארבען ... (חנה מיט הערשל׳ן געהען צו צום בעט, וואלף קוקט אהין פון ארט.) שוין געלעבט ... גענוג ... יעדער שטארבט... לעבען איז שטארבען...

## חנה

(ציטערנדיג) גאָטט ! —

## ביילע

גאָטט וויל אזוי... לעבען ... שטארבען ... ער שפּיעלט זיך... איך בין זיין פּופּעלע... גאָטט׳ס פּופּעלע בין איך... כ׳בין דיין... נעם מיך ... כ׳וויל שטארבען ... ס׳לעבען איז אזוי מיאוס...

## חנה

ביילעשי !

## ביילע

אלץ איז פינסטער ... מענשען וויינען ... זיי ווילען לעבען, און ס׳לעבען איז פול מיט טרעהרען ...

## חנה

ביילעשי !

## הערשיל

ש־ש־ש ... ס׳האָט זיך איהר געחלומט .

## חנה

ז׳האָט דאָך גערעדט !

## הערשיל

ס׳האָט זיך איהר געחלומט .

## וואלף

(גייט צו צום בעט) וואָס האָט זי גערעדט ?

## חנה

אַזוי שטיל ...

## הערשיל

ס׳איז גאָר ניט (זעצט זיך אַרבייטען) שטאַרבען, לעבען , אַ חלום , ווייס איך וואָס ?

## וואלף

זאָג מיר מאַמישי , וואָס האָט זי געזאָגט ?

## ביילע

(רופט) מאַמישי !

## חנה

וואָס איז דיר קרוין ? ווילסט עפּעס ?

## ביילע

(וויל זיך אויפזעצען, קוקט זיך אַרום) ווי איז מאָטיל ?

## חנה

באַלד קומט ער. ווערסט אפשר נעמען די מעדיצין ? (זי געהט נעמען די מעדיצין)

### הערשיל

(געהט צו צום בעט) וואס מאכסטו,ביילישי ?

### ביילע

(קוקט איהם אן) טאטע ? —

### הערשיל

וועסט נעמען די מעדיצין .

### חנה

נעם , קינד, ס׳וועט דיר בעסער ווערען ...

### ביילע

כ׳וויל נישט, כ׳וויל נישט (גיסט אויס דעם לעפעל) די מעדיצין איז סם ... איך וויל נישט די... אן אנדערע...

### חנה

גאטט וועט דיר העלפען ...

### ביילע

(פאלט צו צום קישען, און רעדט ווי פון שלאף) פון גאטט... ער וועט געבען, כ׳וועל לעבען... ס׳וועט אזוי גוט זיין... אלע... אלע... (שלאפט לאנגזאם איין)

### חנה

(זעצט זיך אויפ׳ן בעט) ביזט גוט קראנק, מיין קינד ...

### רבקה׳לה

(האט זיך אויפגעחאפט) מאמישי, כ׳וויל טהעע.

### חנה

שטילער, באלד וועל איך מאכען ...

### ציפה

(הויבט אויף דעם קאפ פון טיש) מאמישי, ס׳האט זיך מיר

געהלימט עפּעס ... עפּעס אַזוי ...

### חנה

וואָס, מײַן קינד ?

### ציפּה

(גײט צו צום בעט, לעגט דעם קאָפּ אין חנה׳ס שויס) כ׳האָב מורא...

### חנה

פּערצעהל, פּערצעהל, האָב נישט קײן מורא ...

### ציפּה

(דערצעהלט) כ׳האָב געזעהען אַ גאָרטען, אַ גרויסען מיט אַ סאַך בלומען, און אין גאָרטען איז געזעסען אַ יונגעל מיט אַ קלײן מעדעלע, און האָט זי אַזוי געקושט ... לאַנג ... און ס׳מעדעלע האָט אַזוי געקוקט אויף איהם ... און שפּעטער, ווען זי איז צוגעגאַנגען צו דעם אָרט, ווי ס׳וואַקסען בלומען, איז ער איהר נאָכגעגאַנגען, און האָט אַזוי געקוקט, עפּעס אַזוי מאָדנע ... און אַז ער האָט אויסגעשטרעקט די הענד נאָך איהר, האָט ער די בלייסע בלומעלעך אַרומגענומען, און ס׳מעדעלע איז שוין נישט געווען ... ער האָט זיך אַזוי דערשראָקען, און איז אַנידערגעפאַלען ... כ׳האָב מורא, מאַמישי ...

### חנה

(גיט איהר אַ קיש) גײה מײַן קינד, האָב נישט קײן מורא ...

(ציפּה גײט צו צום טיש)

### מאטיל

(קומט אַרײַן שטיל, ער ציטערט, ס׳פּנים איז איהם בלאַס,

גײט צו צום טיש, און זעצט זיך, גלײך װי ער װאָלט צופאַלען צום שטוהל, קוקט װילד, און קריצט מיט די צײן) אַזױ, אָט אַזױ ... (הערשיל, דערהערענדיג, דרעהט זיך אום, און קוקט אױף איהם, חנה געהט צו)

חנה

װאָס איז מיט דיר ?

מאטיל

גאָר נישט ... ס׳איז גאָר נישט ...

הערשיל

(גײט צי צו איהם) װאָס איז דיר ? די ציטערסט דאָך אַזױ ...

מאטיל

גאָרנישט ... גאָרנישט ...

הערשיל

ביסט דאָך אַזױ בלאַס ...

חנה

ביסט קראַנק ? זאָג דאָך .

מאטיל

ע=ע=ע . . ס׳איז גאָרנישט ... ס׳איז מיר גאָרנישט...

חנה

װאָס רעדסטו עפּעס ? ביזט דאָך אַזױ בלאַס ... װאָס איז דיר געשעהען ? זאָג דאָך ? (ציפּה מיט װאָלף׳ן קומען צו)

הערשיל

האָסט דיר עפּעס געטהון ? װאָס ?

מאטיל

נײן, כ׳בין געזונד , נײן, נײן, כ׳בין קראַנק ... (ער געהט צו

צום קאָמאָד, און קוקט לאַנג אויף ביילען) כ׳בּין קראַנק ...
כ׳בּין קראַנק ...

## חנה

זאָג, וואָס פעהלט דיר ?

## מאטיל

גאָרנישט ... כ׳בּין קראַנק ... לאָזט מיך ... כ׳בּין אַ ... כ׳בּין
קראַנק ... לאָזט מיך, פרעגט ניט .

## הערשיל

מאטיל, וואָס טהוט זיך מיט דיר ? בּעזין זיך ...

## מאטיל

(געהט צו צום בּעט) לאָזט מיך איצט אָב ... (ער קוקט איף ביילען)

## חנה

(גייט צו צום טיש) ער איז איך קראַנק ... קראַנק ...

## הערשיל

(זעצט זיך אַרבּייטען) אַ שווער לעבען... בּיטער..

## מאטיל

ביילע .

## חנה

אָ גאָטט און הימעל ! זאָג מיר פאַרוואָס ? פאַרוואָס קומט עס
מיר ? (צוויינט זיך)

## מאטיל

בּעט נישט, מאַמע ! בּעט נישט ! ער האָט קיין רחמנות ...
ער האָט קיין האַרץ ... ער איז אַ שטיין ... אַ פייער ... אַ
וואַססער ... אַ-אַ-אַ-אַ, בּעט נישט ... בּעט נישט צו איהם ...

## חנה

(גייט צו איהם צו) וואָס איז דיר ?

## הערשיל

זײַ שטיל ... וואָס פעהלט דיר? די רעדסט דאָך עפּעס אַזוי מאָדנע ...

## מאטיל

בעט ניט ... ער העלפט ניט ... ער וועט ניט העלפען... ער איז טויב... בלינד... ער קען ניט העלפען...

## חנה

אָ, גאָט, דערבאַרים דיך!

## מאטיל

ביילע (וועקט זי) ביילע!

## חנה

וועק זי ניט, זי שלאָפט.

## הערשיל

זאָל זי שלאָפען.

## ביילע

(ווי פון חלום) אַ־אַ־אַ־אַ דער טויט ... דער טויט ... אַזוי זיס... דאָס לעבען איז שלעכט ... ס'טהוט וועה... ס'שטעכט מיט דערנער... ס'רײַסט די הויט... דאָס פלייש.

## חנה

גאָט! —

## מאטיל

ביילע!

## ביילע

אַלין פוילט ... ווערים קריכען ... דער טויט ... דער טויט ...

## חנה

ביילישי ... ביילישי ...

## מאַטיל

בּײלע, בּײלע. (אַ שטילע פּויזע)

## בײלע

(שטיל) מאַמע ...

## חנה

וואָס ווילסטו?

## בײלע

ס'איז מיר נישט גוט, ס'איז אַזוי ענג, באַלד וועל איך שטאַרבּען ...

## מאַטיל

וועסט לעבּען, וועסט דיך הײלען, כ'האָבּ געלד, אַ סאַך געלד ...

## חנה

קינד מײנ'ס! קינד מײנ'ס ...

## הערשיל

(נעמט די מעדיצין פון טיש) נאַ, נעם, ס'וועט דיר בּעסער ווערען ...

## בײלע

ס'איז מיר ענג ... כ'מוז שטאַרבּען ...

## מאַטיל

וועסט לעבּען ... גאָטט וועט דיר העלפען ... נײן, איך וועל דיר העלפען ... איך האָבּ געלד ... אַ סאַך געלד ... כ'האָבּ ג=ג=ג (פאַלט איפ'ן פּאָרענץ פון בּעט און וױנט)

## חנה

מײן קינד! מײן קינד!

## הערשיל

וואָס איז דיר! ביילע, (ציפּה מיט וואָלף'ן גייען צו צום בעט
און וויינען, רבקה'לה בעהאַלט זיך ביי חנה'ן)

## ביילע

ס'איז מיר שלעכט ...

## חנה

מיין קינד ...

## ביילע

אָט שטעהט ער ... אַ שוואַרצער, מיט אַ חלף אין דער
האַנד ... שחט מיך, קום, שחט מיך :... סאיז בעסער ..
ס'וועט ניט וועה טהון .... ס'וועט לייכטער ווערען ...

## חנה

ביילישי, ביילישי ...

## הערשיל

וואָס איז דיר, קינד !

## רבקה'לה

(וויינט) כ'האָב מורא ...

## מאטיל

(נעמט אַרויס פון טאַש געלד, וואַרפט איף דר'ערד) נאַ, אָט
האָסטו, וועסט פאָהרען דיך היילען, וועסט לעבען, וועסט
דיך היילען, כ'האָב געלד, אַ סאַך געלד ...
(ביילע צאַפּעלט מיט די הענד חנה לעגט זיך איפּ'ן בעט,
און וויינט. הערשיל לעגט די הענד צוקאָפּענ'ס און בעט זיך :

„ביילע, ביילע.” די קינדער וויינען. ביילע גיט א געשריי: „מאמעשי”, און שטארבט. מאטיל ליגט ביים בעט אויף די קניהען, איין האנד האלט ער אויפ׳ן בעט, מיט די צווייטע ווארפט ער אין די ליפט, און שרייט) כ׳האב געלד... א סאך געלד... ווערסט דיך היילען... כ׳האב געגנב׳ט... איך בין א גנב... א גנב... געלד... א גנב... א גנב...

**פארהאנג.**